# דר. חיים זשיטלאָווסקי

און

# אַב. קאַהאַן

•

## פון דר. ד. גלאָבוס

•

אַרויסגעגעבן פון דער גרופּע:
„אויף דער וואַך“

קאָפּיע: 10 סענט

# דר. זשיטלאָווסקי און אב. קאהאן

פון

## דר. ד. גלאַבוס

חדשים לאנג פאר דר. ח. זשיטלאָווסקיס טויט זיינען אין „פארווערטס" אנגעגאנגען אמת'ע פאגראָ-מען אויף דעם גרויסן דענקער, אטענטאטן אויף זיין גוטן נאמען און אלערליי פארזוכן צו פארניכטן אים מאראליש. די אָרגיע פון זידלערײ און פארליימדונג, די וואקכאנאליע פון בלבולים און זלזולים זיינען אנגעגאנגען וואכן און מאנאטן אָן אן אויפהער און אָן אן אפשטעל. ס'איז געווען עפעס וואס ס'האט גע-קענט פארקומען מאקע בלויז אין „פארווערטס" און מאקע בלויז אונטער דער רעדאקציע פון אב. קאהאן.

דער הויפט-אָנפירער, טאן-געבער און אידעָ-אָלאָג פון די „פארווערטס" פאגראמען איז געווען דער אלטער, פארביסענער שונא פון דר. זשיטלאָווסקין, חיים ליבערמאן. דער גרילצנדיקער קול פון דעמדאָ-זיקן, צו דער אידישער אמונה און אידישער עטיק רופנדיקן צדיק-חמים מיט דעם פרומען, כשרן פנים אבער מר פענעם מויל, האט פשוט געריסן די אויערן. שטיל און געלאסן האט זיך געזידלט ל. פאגעלמאן,

די גוט-דיסציפּלינירטע „פאַרווערטס"-האַנט, וואָס פירט דורך מיט דײַטשישער פּינקטלאַכקײט די באַפעלן פון דעם גענאָסנשאַפטלאַכן פירער. ענערגיש מיטגעהאָלפן אין דער פאַלסיפיקאַציע פון דר. זשיטלאָווסקיס אידײען האָט אויך דער באַוואוסטער ליטעראַרישער צימבלער א. אלמי, וואָס איז ביז איצט געווען נאָר א זעלטענער גאַסט אין „פּײַפער", וואָס וועט אָבער איצט אַלס באַלוינונג בלי-ספק אַרײַנגענומען ווערן אין דער עקסקלוזיווער „פאַרווערטס"-משפחה...

דער שני-למלך (און דאַכט זיך אויך קראָנפּרינץ) פון „פאַרווערטס", גענאָסע הלל ראָגאָף אַלס סאָלידער, פּאָזיטיווער מענטש האָט באַשפּריצט דר. זשיטלאָווסקין מיט א גוטער פּאָרציע גיפט - אָבער ערשט נאָך דעם קעמפער'ס טויט. ס. אשעראָוויץ האָט אויך אַרויפגעשאָטן אַביסל שמוץ אויף ח״ה זשיטלאָווסקיס קבר, אָבער מיט אַן אײַנגעהאַלטענער האַנט, ווי עס פּאַסט פאַר א שטילן מענטשן.

צום סוף איז אַרויסגעקומען אויף דער קאַמף-אַרענע ע ר אַלײן, דער „הויפּט-רעדאַקטאָר" פון „פאַרווערטס", די קאָפּ, די נשמה, דער מאַרך פונם גרויסן געשעפט. ער איז אַרויסגעקומען מיט דער

פעסטער כונה צו מאכן איינמאל פאר אלעמאל א סוף צו דעם נאמען, דעם פרעסטיזש, דער השפעה פון חיים זשיטלאווסקין, וואס זייענדיק, לויט קאהאנ'ס מיינונג, א גארנישט שבגארנישט, א בטלן, א פלאפלער אדער גאר א מטורף ווערט פון דעסטוועגן פארעהרט פון דער נארישעוואטער אידישער אינטעליגענציע.

שבת, דעם 5טן פעברואר, 1944, איז די היס-טארישע פאסירונג פארגעקומען. דעם טאג האט אב. קאהאן פארעפנטלאכט זיין אנטי-זשיטלאווסקי ארטיקל, וואס האט געדארפט זיין שוין איינמאל אן ארטיקל, וואס האט געדארפט אויף אייביק מאראליש אפטוישן דעם פאר-שטארבענעם דענקער און קעמפער.

און ס'איז טאקע געווען איינמאל אן ארטיקל! - אבער ניט אין דעם זין ווי קאהאן האט זיך פארגעש-טעלט. זיינע ארטיקלען ווערן געשריבן איז נאך אזא שלעכטער און פארדארבענער ארטיקל ניט דערשינען. ער שטייגט אריבער אין געמיינהייט אפילו אלץ וואס ה. ליבערמאן האט געשריבן וועגן דר. זשיטלאווסקין. דער ארטיקל איז שלעכט און פארדארבן ניט אין איין הינ-זיכט, נאר אין אלע הינזיכטן. קודם-כל די שפראך. ס'איז די אלטע, איינציקע אין איר אַרט, קאהאנישע

שפראך — אזוי בעריש-אומגעלומפערט, אזוי קינדיש, אומבאהאלפן, אָפגעלאזן, אזוי אָן זאלץ, אָן פעפער, אָן לעבן. קאהאנ'ס לשון מאכט דעם איינדרוק פון עפעס וואס דארף אויסגעקעמט (מיט א געדיכטן קעמל) און פאַרקעמט ווערן. אבער א געוויסע באוואונדערונג רופט אין מיר ארויס אב. קאהאן: עס פאדערט זיך באגאבונג, טאלאנט צו קענען שרייבן אזא צרה'דיקן, מיזעראבלען אידיש נאך במעט 50 יאר רעדאקטירן א טעגלאכע אידישע צייטונג!

היינט דער אינהאלט פון דעם מאמר מיט וועלכן אב. קאהאן האט געוואלט מאכן א סוף צו דער השפעה פון א גרויסן אידישן דענקער! ס'איז לעכערלאך צו דערווארטן אינהאלט אין אב. קאהאנ'ס „שרייבן", אבער היינטיקן מאל האט דער „הויפט-רעדאקטאר" פונם „פיי-פער" זיך אליין אריבערגעשטייגן אין פשוט מאָנומענ-טאַלער, גראנדיעזער טפשות, א טפשות וואס איז אויסגעמישט מיט קינדיש-נאאיווער חוצפה און טעמפער הפקרות!

ווי א קליין קינד — דער פארגלייך מיט א קליין קינד („סאם בעיבי", ווי דר. א. קאראלניק האט אים וואונדערבאר כאראקטעריזירט) בעט זיך ביי אב. קאהאנ'ען זייער אפט — טוט ער אפט אפ די ערגסטע זאכן,

און ווײס אפילו ניט אז ער האט עפעס אפגעטאן.
ער כאראקטעריזירט אין זײן טרויעריק-באריםטן אַנפאל-ארטיקל אויף דר. זשיטלאווסקי; דעם גרויסן דענקער ווי עפעס א מאַראַן, א צעמישטן טעמפּן מוח, און „אומזיניקן אדער וואנזיניקן" און ניט אויפ-ריכטיקן מענטשן!! עס גלויבט זיך ניט, אבער אט זײנען דעם אלטן אײבּיס אײגענע ווערטער (אין דעם ארטיקל „דר. זשיטלאווסקי - אן אומאנגענעמער פראגע-צײכן", פעב. 5, 1944): „דר. זשיטלאווס-קיס געדאנקען האבן ניט געהאט מער ממשות ווי נא-רישע פלאפלערײ פון א צעמישטן, טעמפּן מוח און פון א מענטשן וועמען עס פעלט אויפריכטיגקײט".

די ווילדע הפקרות פון די דאזיגע ווערטער שטײגן באמת אריבער אלץ וואס איז ווען איז דער-שינען אין דרוק; א מענטש וואס האט זײן גאנץ לעבן ניט אויפגעשריבן קײן אײן גײסטרײכע שורה, ניט ארויסגעבראכט קײן אײן טיפזיניקן געדאנק, וואס דאס מײסטע וואס ער האט אנגעשריבן האט געדארפט האסטיק פליען אין קארב, ער האט די חוצפה אזוי צו רעדן וועגן אײנעם פון אונזערע אמתע גײסטיקע ריזן וועגן א זעלטענער העלדישער פערזענלאכקײט, וואס האט אין זיך פאראײניקט אויף א וואונדערבארן אופן

דעם פארשער, טרוימער און קעמפער!

אויב דאס איז ניט גענוג, באַגיסט אב. קאהאן דר. זשיטלאווסקין מיט נאך א פאר עמער שמוץ פון דער בעסטער קאהאנשער פאַבריקאַציע. „יעדער האט געקענט זען", שרייבט אונזער „הויפט-רעדאקטאר", אז דר. זשיטלאווסקי האט ניט דעם קלענסטן באגריף וועגן די ענינים וועלכע ער באשפרעכט(?!)... זשיטלאווסקיס רייד זיינען איבעראשנד לעכערלאך... ער פלעגט אימער געבּ-רויכן הויכע ווערטער, וועלכע איך פלעג אפט ניט פאר-שטיין... וואס זיינען זיינע רייד, אומזין אדער וואנזין? (דערזעלביקער ארטיקל).

„באשפרעכן" אַן ענין! „איבעראשנד לעכערלאך! אזוי שרייבט דער צען-שטאָקיגער אידיש-פארדארבער נאך א האלבן יאר הונדערט רעדאקטירן א אידישע ציטונג!

ס'איז טאקע איבעראשנד לעכערלאך און... אי-בעראשנד-טרויעריק! און עס פעלן אויס ווערטער צו באשפרעכן אזא ענין!

ביסלעכווייז פארלירט אב. קאהאן דעם גאנצן קאנטראל איבער זיך. ער באמערקט ניט דעם געוויך וואס טראגט זיך פון ח. ליבערמאנס חנ'עוודיקן אנטי-זשיטלאווסקי ביכל. ער שלינגט ארונטער אלע ליגנס

מיט
פונם מאַרקוועמאַדאַ גייסט אנגעפילטן ביכל, און ער שרייבט: „זשיטלאווסקי איז געווען איינער פון די ערגסטע און ווילדסטע אנטיסעמיטן, וואס האבן געארבעט קעגן אידן... און אז דאס איז אמת איז דער בארימטער היסטאריקער דובנאוו געווען פולשטענדיק איינפארשטאנען." איז שוין גאר נישטא קיין גרענעץ צו „איבערראשנדער" טפשות, צו פרעכער הפקרות, צו ציניקער גראבקייט פונם זאטן אַלריטניק?

איצט שטיקט זיך אב. קאהאן אליין מיט זיין שטינק-באַמבע, וואס אפילו דער ניט צו עדלער קראַנ-פרינץ האט ניט געקענט פארטראגן איר גערוך, און איז ארויס אין „פארווערטס" מיט א דערקלערונג אז געוואסע קאהאן האט זיך „באנוצט מיט א צו שטארקער פראזע". און דער גאטספארבטיקער פארלוימדער מיט די פרוס גלאַצנדיקע אויגן האט אויך געמוזט צו-געבן ש. ניגערן אז די מעשה וואס ער האט דערציילט אז פרפ. דובנאוו האט אנגערופן דר. זשיטלאווסקין „אידישער אנטיסעמיט" איז כזב ושקר. און דער גרויסער „הויפט-רעדאקטאר" האט זיך נאך באנארעשט מיט דעם וואס ער האט געשריבן וועגן דעם פרומען פארלוימדערס שמעקענדיק ביכל אז „דארטן ווערט אלץ

באצייכנט מיט דער גרעסטער פינקטלאכקייט, מיט די קוואלן און מיט די נומערן פון די פעידזשעס".

די נומערן פון די פעידזשעס האט ליבערמאן טאקע אפשר איבערגעגעבן ריכטיק אבער אין דעם וואס איז געשריבן געווארן אין די פעידזשעס האט ליבערמאן זיך דערלויבט צו מאכן דא און דארט א שטיקל טשענדזש, אדער סובסטיטושאן און אלטעריישען..

נאך אין א פלאץ פון זיין ארטיקל שרייבט גענאס קאהאן: „איך האב זיך דערמאנט אן פארשיידענע פאלן, ווען מען האט וועגן זשיטלאווסקין געבראכט גאנץ אומדעליקאטע ווערטער אין באצוג צו זיין שכל און צו דער פראגע פון זיין אויפריכטיגקייט".

<u>געבראכט גאנץ אומדעליקאטע ווערטער אין באצוג</u>

<u>צו זיין שכל!!</u>

האט איר שוין, ליבער לייענער, ווען אנגעטראפן אויסער אין „פארווערטס" אזא צרה׳דיקן אזא גראטעסקן אידיש? דער אקטער פילאסאף שאפענהאוער פלעגט זיך זייער ערגערן וואס די דייטשע שפראך ווערט „פאהונצט", ד.ה. פארדארבן און וואולגאריזירט פון פארגרעבטע זשורנאליסטישע באד-יונגען. און ער האט אפילו

געווארנט, אז דאס איז א סימן אז דײטשלאנד וועט באַרבאַריזירט. דער טיפער דענקער שאָפּענהאַוער האט געוואוסט אז שפראך איז קדושה, ס'איז א גרויס הײליגטום, ווײל שפראך און געדאנק זײנען ענג פאַר-בונדן און די ירידה און פארדאַרבונג פון אײנעם פון זײ מוז פירן צו דער דעגראַדירונג און פאַר-דאַרבונג פון דעם אנדערן.

מיר ווײסן דאס אבער נים. מיר לאזן אונ-זער לשון ווערן „פאַרהונצט" און פאַרפּאַרווערטעט. מיר לאזן אזא ווי אב. קאהאן פאַרדאַרבן און וואולגאַריזיר אונזער צאַרטן, יונגן, נאך נים אין גאנצן פאַר-מירטן, קלאר אויסגעקריסטאַליזירטן אידיש!...

• • •

די אומפאַרשעמטקײט פון אב. קאהאנ'ס אנגריף אויף חײם זשיטלאָווסקין ווערט באזונדערס קלאר ווען מ'פירט דורך א פאראלעל צווישן די צוויי מענטשן. אן אויפמערקזאמער לײענען פון דר. זשיטלאָווסקיס ווערק צײגט קלאר אז ער איז געווען א גרויסער בקי (און טאקע א חריף אויך) אין דער פילאסאפיע און אין די סאציאלע וויסנשאפטן. ער האט געקענט דעם מארקסיזם ווי זעלטן ווער, און אין די אידיש-נאצ-יאנאלע פראבלעמען איז ער געווען אײנער פון אונ-

זערע בעססע פארשער. זײן פארשונג פון די סיבות און די מקורים פונם אנטיסעמיטיזם, הגם נים פרײ פון חסרונות, איז, לוים מײן מײנונג, זײער א באדײטנדיקער בײטראג. די טעארעטיש און פילא-סאפיש פארשטאפטע מוחות פון ליבערמאן און קאהאן האבן נים געקענט באנעמען זשיטלאווסקיס טעאריע וועגן אנטיסעמיטיזם און זײ האבן דערפאר אויך נים געקענט פארשטײן אז די דאזיקע טעאריע ברײנגט דעם אידישן פאלק א גרויסע האפנונג, די האפנונג אין גאנצן, אדער לפחות צו א גרויסן טײל, פטור צו װערן פון דער מורא'דיקער מכה.

נאטור-װיסנשאפט, געשיכטע, רעליגיע, לי-טעראטור - אין די אלע קולטור צװײגן איז דר. חײם זשיטלאװסקי געװען א בן-בית. און זײן װיסן איז תמיד געװען געניי און סאליד, אי ברײט, אי טיף. ער איז געװען א פײנער קענער פון קאַנט און דעם נעא-קאנטיאניזם. ער האט געקענט דעם מארקסיזם װי זעלטן װער. זײן פארשטאנד איז געװען בויגיק און פלינק, ער האט געקענט מאכן שארפע אנאליזן און פרוכטבארע סינטעזן. אלמי, ליבערמאן און נאך אזעלכע פילאסאפישע מופלגים און מקפידים לײקענען

אַפּ אז דר. זשיטלאָווסקי איז געווען א פילאָסאָף. ער איז געווען, לויט דער מיינונג פון די דאזיקע גרויסע מבינים, מער נישט ווי א „פילאָסאָפירער". בלויז די אריסטאָטלס, שפּינאָזאס און קאַנטס האָבן, לויט זייער מיינונג, א רעכט אויף דעם דאזיקן שיינעם טיטול. אבער די אריסטאָטלס, שפּינאָזאס און קאַנטס קומען נאר איינמאל אין א יאָר־הונדערט, אמאל נאך זעלטענער. שטעלט זיך דער פילאָסאָפישער געדאנק פונדעסטוועגן נים אָפּ ווען עס איז אן אויסטריקעניש אויף שפּינאָזאס און קאַנטס, ער ארבעט ווייטער; און די קלענערע פילאָסאָפן טוען אויף א גאנץ וויכטיקע ארבעט מיט דעם וואס זיי צעאַרבעטן און מאכן גרייט דעם באָדן פאר די ריזן, וואָס פארענדיקן און פארפאלקאָמען די ארבעט פון זייערע פארגעגנער. אזוי האָט, למשל, ברוך שפּינאָזא פארענדיקט, צוזאמענגענומען און צוזאמענגעשמאָלצן די אידייען פון רמב"ם (אליין א ריז) און די אנדערע אידישע פילאָסאָפן פון מיטלאלטער מיט די לערעס פון דעקאַרט (נאך א ריז) און אנדערע קלענערע נים־אידישע דענקער, און געמאכט דערפון איין גראנד־יעזע געביידע. צווישן די ציגל פון דער געביידע האָבן זיך געפונען אויך קלענערע וואס זיינען פון דעסטוועגן געווען זייער וויכטיק.

דר. זשיטלאווסקי האט זיך אליין, אויף וויפיל
מיר איז באקאנט, קיינמאל ניט אנגערופן פילאסאף.
דאס האט אים די אידישע אינטעליגענץ באקרוינט
מיט א טיטל, וואס זי האט ניט אויסגעטיילט מיט א
צו פרייער האנט. די אידישע אינטעליגענץ האט אנ-
ערקענט חיים זשיטלאווסקין פאר א פילאסאף פאר זיין
חריפות, זיין מעטאָדישקייט און גרינדלאכקייט אין
דענקען, זיין גרויסן אינטערעס אין פילאסאפיע
(ספעציעל אין געשיכטס-פילאסאפיע), זיין געלאסע-
נעם במעט סטאאישן טעמפעראמענט און מער פון אלץ
פאר דער וויכטיקסטער איינגשאפט פונם פילאסאף, דער
פייאיגקייט אויפצושטעלן באדייטנדיקע גענעראליזאצ-
יעס. אבער האט די אידישע אינטעליגענץ געהאט
א רעכט אויף דעם? ווי קומט די אידישע אינטעלי-
גענץ צו באשליסן אזעלכע זאכן ניט אנפרעגנדיק
זיך ביי א י ם, ביים „הויפט-רעדאקטאר" פון „פארווער-
טס"? אזוי פרעגט אב. קאהאן א פארוואונדערטער.
ווער האט בארעכטיקט די פרצעס, די אנסקיס, די
דובנאָווס, דר. בירנבוימס, דר. קאַראַלניקס, בן-
אדירס און אזוי פיל אנדערע צו פראקלאמירן דר.
זשיטלאווסקין פאר א פילאסאף אָן דער הסכמה פון
די אמתע מבינים, אב. קאהאן, הלל ראגאף, חיים

ליבערמאן און אהרון אהרון חביב, א. אלמי, דעם בודהיסטישן און לאָאָטצע פילאָסאָף. די „פּאַרוועדטס" אַריסטאָטלס, וואָס האָבן משמעות געקראָגן סמיכה אויף פילאָסאָפישער רבנות פון דער „פּאַרהעדטס-אַסאָסיאַישאַן" האָבן געפּסקנט אַז חיים זשיטלאָווסקי איז ניט קיין פילאָ-סאָפישער דענקער און בכלל קיין דענקער ניט, און אַז די אַלע וואָס האַלטן פון אים און שעצן אים ווי אַ דענקער און טעאָרעטיקער זיינען האַלבע אָדער גאַנצע מאַראָנען, אומוויסנדע, נאַאיווע מענטשן, אָדער גאָר „פּעיקערס", פאַלשע מענטשן וואָס זוכן פּערזענלעכע אינטערעסן און „סקימס". אַזוי שרייבט טאַקע בפירוש דער ווילנער האַלבער אינטעליגענט, וואָס איז קיינמאָל ניט אויסגעוואַקסן צו אַ גאַנצן אינטעליגענט אין זיין ניט אויסגעקעמטן, עקלדיקן אידיש: „איך (אַב. קאַהאַן)

בין אַבסאָלוט דורכגעדרונגען מיט דעם געדאַנק אַז די מייסטע פון די וואָס האַלטן זיך פאַר זשיטלאָווסקיס אַנהענגער זיינען ענטוועדער זייער נאַאיווע, אומוויסנדע מענטשן אָדער זייער ניט קיין אויפריכטיקע מענטשן, צווישן זיי זיינען פאַראַן אומשולדיק ערלאַכע אָבער גייסטיק הילפלאָזע מענטשן, אָבער אויך געגנוג „פּעי-קערלאַך", וואָס האָבן אין זינען פּערזענלעכע אינטער-עסן און סקימס".

דער גרויסער טײל פון דער אידישער אינטע-
ליגענץ וואס האט געהאלטן דר. זשיטלאווסקין פאר
זײער רבון, און דער אנדער טײל וואס ניט זײענדיק
אין גאנצן מסכים, האט דאך זײער הויך געשעצט
דעם פארשטארבענעם דענקער, זײנען אלע נאאיווע,
גײסטיק הילפלאָזע מענטשן אדער „פּעיקערלאך" וואס
האבן אין זינען „סקימס". אזוי רעדט וועגן דער
אידישער אינטעליגענץ א מענטש וואס נאך 50 יאר
רעדאקטירן א גרויסע אידישע צײטונג ווײס נאך עד
היום ניט אז עס איז דא א אידישע שפראך, א אי-
דישע ליטעראטור און א אידישע קולטור און ווײס
דערפאר אויך ניט אז עס איז דא אן אידישע אינטע-
ליגענץ!...

קאהאן האלט ניט פון דער אידישער אינטע-
ליגענץ, װײל עס גלויבט זיך איהם נאך אלץ ניט,
דעם אידישן יענקי, אז א אידישער שרײבער קען זײן
אן ערשט-קלאסיקער דיכטער אדער דענקער. ער האט
זיך נאך אלץ ניט באפרײט פון זײן פארשימלטער
גענאסנשאפטלאכער אסימילאציע און סנאָבישן בטול
צו אידיש. קאהאן האט בכלל ניט ליב אידישע
ליטעראטן, חוץ אפשר די וואס ארבעטן בײ איהם אין
געשעפט, און אויך די נאר אויב זײ זײנען ניט צו

טאלאנטפול. אבער זשיטלאווסקין האט ער באזונדערס פיינט געהאט, און דאס איז געווען משמעות צוליב עטלאכע טעמים.

ערשטנס איז זשיטלאווסקי, דער אידעאליסט, געווען ניט צום הארצן דעם טרוקענעם פיליסטער קאהאן, דעם מאן וואס האט קיינמאל ניט אויפגעהויבן דעם קאפ צום הימל, קיינמאל ניט איינגעקוקט זיך אין די וויטקייטן.

צווייטנס האט זשיטלאווסקי געמאכט קאהאנען פילן אינטעלעקטועל ווי א מילב. קאהאן גיט אליין צו אז ער האט ניט געקאנט פארשטיין דר. זשיטלאווסקיס „הויכע ווערטער".

דריטנס האט זיך אב קאהאנס פרימיטיווקייט און קולטורלאָזיגקייט געווארפן צופיל אין די אויגן ווען פארגליכן מיט דער ראפינירטער קולטורעלקייט פון חיים זשיטלאווסקין. ווען קאהאן וואלט געהאט א שמץ פון אמתער קולטור און ווען ער וואלט ניט געווען אזוי אפריקאניש-פרימיטיוו וואלט ער ניט געקענט שטאפן זיינע לייענער מיט אזוי פיל שונד און וואלט ניט געקענט זיין דער אייביקער דרדקי-מלמד. האט אב. קאהאן טאקע פיינט זשיטלאווסקין דערפאר וואס זייענדיק א „זשארגאנישער" שרייבער איז ער געגאנגען

צו די קהאלן, וואס ער האט געקענט ר' שלמה אבן גבירול און ר' אברהם אבן עזרא און אין דער זעלבער צייט אויך קאנטן און ניצשען און רוסאָ, און האט זיך נים געשפייזט ווי די קאהאנס מיט די אפפאלן פון דעם טיש פון קולטור, מיט א „רעאליסטישן" אדער „נאטוראליסטישן" ראמאן וואס פארמאגט געווינלאך אביסל אינטערעסאנטע עראָטיק, א געזאלצענעם ארטיקל פון מענקען, ובחמה.

די אידישע אינטעליגענץ האט זיך אבער צו-געהערט נים צו קאהאנען נאר צו זשיטלאווסקין ווייל זי האט דערפילט אין זשיטלאווסקין דעם אמתן לערער. ער איז געווען דער וואס האט צושמעטערט דעם נאאיוון קאסמאפאליטיזם און האט געמאכט אונזער אינטעלי-גענץ אי קולטור אי נאציאן באוואוסטזיניק. חיים זשיטלאווסקי האט סינטעזירט דאס קולטורעלע און דאס נאציאנאלע. ער האט פאר אונז קלאר געמאכט מיט אן אייזערנער לאגיק אז בלויז א נאציאנאל-באוואוסטזיניק און קולטורעל הויך-אנטוויקלט אידיש פאלק וועט האבן די כוחות צו אויסקעמפן פאר אונז א מער חשוב'ע און גליקלאכע צוקונפט.

ווען דר. זשיטלאווסקי וואלט קיין אנדער זאך נים אויפגעטאן ווי צוזאמענברענגען אין א פרוכטבארן

סינטעז דעם אידישן נאציאנאליזם און די אידישע קולטור וואלט דאס געווען א היסטארישער אויפטו.
חוץ דעם אבער האט ער פארבונדן די פארשיידענע טיילן פונם אידישן נאציאנאליזם אין א גאנצע זאך, און ער האט אנגעצייגט א פעסטן און זיכערן וועג אויף וועלכן אונזער פאלק קען ארויסמארשירן פון דעם טאל פון שקלאפעריי צו די ליכטיקע הויכקייטן פון פרייהייט.

. . .

איצט לאמיר זיך אביסל נעענטער צוקוקן, הגם מיר האבן שוין וועגן אים גערעדט א היבשע ביסל, צו זשימלאווסקיס געגנער אדער ריכטיקער שונא (אן אינטעלעקטועלע זויג-קינד ווי קאהאן קען ניט זיין זשיטלאווסקיס אן אמתער געגנער), ווער און וואס איז דער דאזיקער מענטש, וואס א דאנק דער וויכטיקער שטעלע וואס ער פארנעמט הערשט ער און בעל-הבתעוועט אויף דער "איסט-סאיד", ווי ער רופט אן די אידישע וועלט? וואס שטעלט מים זיך פאר קאהאן גייסטיק?

דאס ערשטע וואס ווארפט זיך אין די אויגן ווען מיליענט אב. קאהאנען, דעם מאן פון א מיליאן ווערטער, איז זיין אומגעהייערע פלאכקייט. ניטא אין אים קיין בערג און ניטא קיין טאלן: אלץ איז פלאך, גרוי,

מאַנאָטאָן ביז נודנעקײט. קאהאן איז א שרײבער אָן שפראך, אָן סטיל, אָן טיפערן וויסן, אָן הומאר און אָן פּאַטאָס, אָן ברײטע אינטערעסן, אָן וויזיע. ער פארטיפט זיך קײנמאל ניט, ער פארטראכט זיך ניט, ניטא אין אים קײן טיפער גלויבן, קײן יאוש און קײן עקסטאַז, קײן טראָפּן פון וועלט שמערץ.

אב. קאהאן, ווי שוין געזאגט, האט ניט קײן חוש פאר דאס אלגעמײנע. ווי א קינד זעט ער בלויז דאס אײנצלנע, דאס קאנקרעטע, דאס צופעליקע און דאס וואס איז בײ אים אונטער דער נאז. א רעדאקטאר פון א סאציאליסטישער צײטונג ווערט ער פאראינטע-רעסירט אין סאציאליזם בלויז אין די סאציאליס-טישע ימים נוראים. וועגן סאציאלע וויסנשאפטן און מארקסיסטישער טעאריע האט קאהאן א נעפּלדיקן באג-ריף און הוץ דעם האלט ער זײ װארשײנלאך פאר שעד-לאך פאר צירקולאציע.

אב. קאהאן איז אן אויסגעשפראכענער שונא פון אידיש. זײענדיק אומוויסנד און גײסטיק הילפ-לאָז ווען עס קומט צו אידיש-נאציאנאלע פראבלעמען האט ער ניט פארשטאנען און נים אפגעשעצט די גע-וואלדיקע וויכטיגקײט פון אידיש פאר אונזער פאלק'ס

וואוילזין. קאהאן, פאר וועמען דער ריכטיקער אויסשפּראך פון TH איז דער העכסטער אי-דעאל, האט ניט געקענט באגייסטערן זיך פאר אן אַרעמאַנסקן לשון וואס שטאמט ערגעץ פון יעהופּעץ אדער קאסרילאווקע.

אב. קאהאן האט באקעמפט די אידייע פון א שיינעם, ריינעם אידיש. ער האט אנגעפירט א גאנצע מלחמה קעגן „בולבע" אידיש. אידיש איז פאר אים פשוט אן אינסטרומענט איבערצוגעבן געדאנקען, ער זעט אין אונזער לשון קיין טיפערע באדייטונג. ער איז קעגן קולטיווירן אידיש, קעגן דעם פארזוך צו מאכן די אידישע שפּראך פאר א פיינעם, איידעלן און מעכטיקן אינסטרומענט וואס זאל קענען איבערגעבן די טיפסטע, צארטסטע און דערהאבנסטע אידייען און געפילן. קאהאן איז צו א גייסטיק-הילפלאזער מענטש צו פאר-שטיין אז דאס וואלט דערהייבן דאס פאלק אינטעלעקטועל און פארשטארקט זיין נאציאנאלן באוואוסטזיין. דערצו איז דער פיליסטער, און אסימילאטאר, געשעפטסמאן קאהאן, גארניט פאראינטערעסירט ניט אין דאס אינטע-לעקטועלע, ניט אין דאס נאציאנאלע.

די לעצטע יארן האט זיך אין דעם ווילנער יענקי

דאך אביסל פארנאנדערגעבּרענט דאס פינטעלע איד.
אבער דאס פּיערל איז נאך אלץ נים שטארק גענוג צו
צושמעלצן די אלטע פארפראָרענע אסימילאציע. די
דאזיקע אסימילאציע איז איצט אויסגעמישט מיט א
צוקער-זיסן סענטימענטאלן היפער-נאציאנאליזם, און
דאס איז די איצטיקע סחורה מיט וועלכער דער „פאר-
ווערטס" פעדלט.

אב. קאהאן איז געווען דער וואס האט נים דער-
לאזן דאס די באוועגונג פאר אידישע שולן און פאר
אידישער דערציאונג בכלל זאל ווערן א גרויסע פאלקס-
באוועגונג. דער „אנטיסעמיט" זשיטלאווסקע האט 40
יאר געקעמפט פאר אידישער דערציאונג מיט א זעלטע-
נעם מוט און ערנערגיע, פערציק לאנגע יאר איז דער
וואונדערבארער קעמפער נים מיד געווארן צו שמעלצן
דעם אייז פון אסימילאציע און גלייכגילטיגקייט - און
דיזעלביקע פערציק יאר האט אב. קאהאן, דער מאן
מיט דער פארגליווערטער אסימילאציע אין זיין נשמה,
עקשנות'דיק און פארביסן געקעמפט קעגן אידישער
דערציאונג. געענדיקט האט זיך דער מוראדיקער
קאמף מיט זשיטלאווסקיס נצחון, אבער קאהאנען האט
זיך איינגעגעבן נים צו דערלאזן אז דער נצחון זאל
זיין א גרויסער. אב. קאהאן קען זיך איבערנעמען

ער איז געווען אן אמתע קאטאסטראפע, אן אמתער אומ-
גליק פאר אונזער פאלק - אויב אידיש וועט חלילה
אונטערגיין, וועט ער האבן גאר א גרויסן חלק אין דעם!

די שנאה צו דער אידישער שפראך טראגט קאהאן
אריבער אויך אויף דער אידישער ליטעראטור. ער
באַיקאָטירט דעם אידישן בוך און זשורנאל. זיין
קורצזיכטיק אויג זעט זיי נים און זיי האבן נים קיין
פלאץ אין זיין ענגער הארץ. זיין קראַנפרינץ האלט
במעט פאר אונטער זיין ווירדע צו רעצענזירן א אידיש
בוך. קאהאן איז געווען א קאטאסטראפע אויך פאר דער
אידישער ליטעראטור. ער האט ארויפגעצוואונגען
פלאבקיים און באנאלקייט אויף די אידישע מַאסן. ער
האט אויסגעגראבן א תהום צווישן די מאסן און דער
אינטעליגענץ.

איך זאג דאס אלץ נים דערפאר וואס איך וויל
שטראָפן קאהאנען אדער אויסבעסערן אים. קאהאן וועט
נים פארשטיין מיינע רייד, זיי העלן פון אים אפשפרינ-
גען ווי פון א שטיינערנער וואנט. איך וויל דא שטראפן
די אידישע עפנטלאכע מיינונג וואס האט דערלאזן פופ-
ציק יאר קאהאנטשינע.

אב. קאהאן איז געווען א נעגאטיווער, א צוש-

טערנדיקער כוח אין דער אידישער וועלט. וואס חיים זשיטלאווסקי האט געבויט, האט ער ארונטערגעריסן - און ארונטערײסן איז דאך אזוי פיל לײכטער ווי בויע
קאהאן האט אויך עפעס געשאפן, ער האט אויפגעשטעלט א גרויסע געבײדע פון שטײן און ציגל, ער האט אבער ניט אויפגעבויט קײן געבײדע פון אינטעלעקטועלע, און עסטעטישע ווערטן. ער האט ניט געבויט פאר דער אײביגקײט, ער האט געארבעט בלויז פאר דעם פארבײ-לויפנדיקן מאמענט. ער האט אויסגענוצט אלע יארן דעם סאציאליזם פאר זײנע צוועקן, איצט הײבט ער אן אויסצונוצן דעם נאציאנאליזם. דערפאר האט זיך זײן סאציאליזם אויסגעוועפט, און זײן נײער נאציא-נאליזם איז שוין געווארן אלטגעבאקן און טובלע, ער שמעקט שוין מיט שאוויניזם, אומטאלעראנץ, אינק-וויזיציע, דעם גײסט פון טארקוועמאדע.

אב. קאהאן האט געלעבט אין א גרויסער צײט, ער האט זי אבער פארזען. מער ווי אלץ האט ער פאר-זען דעם אידישן פראגרעסיוון נאציאנאליזם, די גאנ-צע וואונדערבארע עפיק פון אידישער רענעסאנס, דאס אויפברויזן פון אידישן נאציאנאלן באוואוסטזײן און אידעאליזם, און דאס אנטשטײן פון דער אידישער

ליטעראטור. ער האט די געוואלדיקע עפאפּייע פאר-
זען, דער שטייענדיק קורציכטיקער אב. קאהאן.
ווי אנדערש פון איט עס איז געווען אונזער חיים,
וואס האט זיך מיט זיין סענסיטיווער נשמה אפגערופן
אויף אלע רעגונגען פון דעם ציטגייסט און וואס האט
אליין אריינגעשריבן א וואונדערבארע בלאט אין דעם
בוך פון אונזער רענעסאנס!

דר. חיים זשיטלאווסקי איז געווען א קאנסט-
רוקטיווער בויער און א דינאמישער כוח אין דעם
לעבן פון זיין פאלק. געשיכטס-פילאסאף, סאציאלאג,
מייסטער פון דער מארקסיסטישער מעטאדע (און דאך
נים קיין מארקסיסטישער פעדאנט), איז ער געווען
אזוי ווי באשאפן פאר א נאציאנאל-אידישן טעארעטי-
קער. ער איז געשטאנען מיטן פנים צום אידישן
פאלק, צו זיינע נויטן און חלומות, און זיין הארץ
און מוח זיינען געווידמעט געווען צו אים.

אבער צו דעם קאלטן און ניכטערן אב. קאהאנען
האט די ראמאנטיק און דער אידעאליזם פונם אידישן
נאציאנאליזם נים אפעלירט. ער איז געשטאנען א
גאנצן לעבן מיטן רוקן צו אלץ וואס איז אידיש. די

אלע יארן וואס דר. חיים זשיטלאווסקי האט געקעמפט פארן אידישן פאלק, האט קאהאן געקעמפט פאר קאהאנען

איצט וויל דער קליינער קאהאן מאראליש פארניכטן דעם גרויסן זשיטלאווסקי. קאהאן וואס האט זיין גאנצן לעבן דאס אידישע פאלק אפילו ניט באמערקט, וויל מאראליש פארניכטן איינעם פון די הויפט שאפער פונם מאדערנעם אידישן נאציאנאליזם און דוקא אין דעם נאמען פונם אידישן נאציאנאליזם!

אב קאהאן וואס האט זיין גאנצן לעבן טעמפעקשנוח'דיק באקעמפט די אידישע רענעסאנס, די אידישע נאציאנאלע און קולטורעלע אויפלעבונג, ער ווענדט עס וואלט מאקע געווען ניט קיין גוזמה צו דערקלערן פאר לפחות אן אומבאוואוסטזיניקן שונא פון אידישן פאלק, ער וויל איינרעדן די אידישע אינטעליגענץ אז דר. חיים זשיטלאווסקי האט „געארבעט קעגן אידן!" ווער זיך דאס אים איינגעבן? איך בין זיכער

אז ניט. די אידישע אינטעליגענץ קען קאהאנען און זי ווייסט מיט פאראכטונג צוריקווייזן און צוריקשליידערן די שמוציקע פארליימדונגען און די ווילדע, הפקר'דיקע בלבולים פון דעם אלטן בטלן און זיינע אונטערשטופער מיט די לאקייאישע נשמות, קעגן איינעם פון אונזערע ליכטנדיקע גייסטער.

------------

------

----

